# אויפ'ן וועג

לידער-זאמלונג.



וואַרשע.

1920.

# אנהאַלט:


מ. דוואָלאָזסקי : שטורם=קינד — — — — — 3

דניאל : אַ בריוועל

„ טייכבעקרויזנגע — — — — — — — 4

י. פּאַפּיערניקאָוו : סערענאַדע — — — — — 5

„ Andante — — — — — 7

ב. פֿרידמאַן : כ'האָב ליב די נאַכט — — — — 9

„ עס האָבן דײַנע בליקן — — — 10

י. קירמאַן : אין אַ קליין געטויגנען הײַזל — — — 11

י. קעניגשטיין : אַ ווינטער־נאַכט — — — — — 12

„ ס'איז נאַכט — — — — — — 13

ש. ריבאַליזון : געהימער — — — — — — 14

„ ניגונער — — — — — — — 15

ס. דזיאלאָווסקי.

# שטורעם-קינד

אין אַ שטורעם-צייט, אין אַ מבול-צייט,
ווען די וועלט פֿאַרכאַפּט קאַלטער ווירבעל-ווינט
בין געבוירען איך, עלענט, עלענט קינד.
ס'האָט אַ וואלען-ברויז מיר געשענקט אַ זייט,
ס'האָט דעם קאָפּ געבראַכט מיר דער שטורעם-ריס
און פֿון צפֿון-לופֿט זענען מיינע פֿיס.
און דער וועג איז ווייט, טויזענט יאָרען לאַנג,
מיט די שטעגען פֿיל, אַ געדרייטער שלאַנג.
ווייס איך נישט אַליין, וואו איך האָב צו גיין!



## דניאל.

* *
*

פידעל גאָלד!
איך וואָלט געוואָלט
איצט זיצען נעבען דיר
און קושען לאַנג
אין אָוועגט באַנג
דיין פינגער-האַנט,
דעם שמאָלען ראַנד
פון דיין געוואַנד,
דאָס ליגט אָן רויש
פאַר מיר.

איך בענק אַצינד
צום הייבען גלעט,
וואָס לעשט און צינדט,
און שווייגט און רעדט,
און מאָנט און וועקט,
פאַרדעקט-אַנטפּלעקט,
און ציט מיך צו,
פון שטילער רו
צום שטורעם צו—
צו דיר, צו דיר...

כ'וואָלט זעען איצט
דיין אויג, וואָס בליצט
זיך טיף אַריין
אין האַרצען מיין,
אין אָט דער בוך,
וואו יעדעס בלאַט
איז וואונדערליך
פאַרקנייטשט, פאַרוועגדט,
און דיינע אויגען,
דיינע הענט,
זיי קנייטשען'ס אויף
און לייגען'ס גלייך
און וואונדער-רייך
קומט אויס דאָס בוך:
אַ טיפער טייך,
וואָס קיינמאָל זאַט,
בעוועגט ער זיך
צום שטורעם צו,
צום שווייגענדיגען שטורם צו,
צו דיר...

* *
*

הייס בעקריינטע לילי-צווייגען—
יעדע צווייג האָט זיבען קרוינען—
היטען דעם בעיאַרטען גאָרטען,
וואו דאָס פּאָרעל קלערט צו וואוינען.

הייס בעקריינטע לילי-צווייגען
זאָגען אָן, אז אַלץ מוז שווייגען,
ביז עס וועלען זיך אַנטבלויזען
ליליעס ווייס פאַר רויטע רויזען...

י. פּאַפּיערניקאָוו.

# סערענאַדע,

כ'שטיי, מיין ליבסטע, פאַר דיין פענסטער
שעה'ן לאַנג, שעה'ן לאַנג,
און עס שיקט דיר מיין גיטאַרע
קלאַנג נאָך קלאַנג, קלאַנג נאָך קלאַנג.

וואָס זיי וועקען דיך און רופען
אין דער נאַכט, אין דער נאַכט, —
ווען אַרום איז אַלץ פאַרשלאָסען
און פאַרמאַכט, און פאַרמאַכט;

ס'ליגט אין שלאָף שוין טיף פאַרזונקען
רינד און שאָף, רינד און שאָף,
איך נאָר שטיי דאָ, ווי אַ שאָמער,
און ניט שלאָף, און ניט שלאָף.

ס'לאָזט אַן אומרו מיך ניט שלאָפען—
כ'מוז זיין וואַך, כ'מוז זיין וואַך,
ווייל דיר זאָגען וויל איך, ליבסטע,
היינט אַ סאַך, היינט אַ סאַך.

קום-זשע, ליבסטע, צו צום פענסטער
פון דיין הויז, פון דיין הויז,
אָדער שלייך זיך, ווי די לבנה,
שטיל אַרויס, שטיל אַרויס.

קום שפּעטער אַ מיר, ס'האָט קיינער
דיך נישט זעהן, דיך נישט זעהן.
ס'איז די נאַכט אַצינד, ווי הערליך
און ווי שיין, און ווי שיין, —

גרייט בין איך דיך אויפצונעמען
מיט אַ קראַנץ, מיט אַ קראַנץ,
וואָס בעצירט איז מיט לבנה'ס
זילבער-גלאַנץ, זילבער-גלאַנץ.

קום זשע, ליבסטע, קום זשע גיכער,
וויל כ'בין מיד, וויל כ'בין מיד,
און מיר דוכט זיך, אַז איך שפּיל שוין
ס'לעצטע ליד, ס'לעצטע ליד...

—הערסט ווי ס'פּלאַצען שוין די סטרונעס
איינס ביי איינס, איינס ביי איינס?
ס'פּלאַצט מיט זיי אין הייסע פלאַמען
ס'האַרץ אויך מיינס, ס'האַרץ אויך מיינס.

—קום-זשע שנעלער, קום, דו זאָלסט נישט
ביי דיין פלויט, ביי דיין פלויט,
טרעפען מיך שוין מאָרגען, ליבסטע,
ליגען טויט, ליגען טויט...



# ANDANTE

אַראָפּגעלאָזט זענען אין אָפענעם פענסטער
די שטאָרען די גרינע,
די דורכזיכטיג-דינע,
פון זיידענס געוועבט,
דורך וועלכע אַ שטראַל פון דער זון, וואָס פאַרגייט,
רייסט זיך מיט דראַנג אין דעם צימער אַריין,
וואו זי זיצט אַליין,
ביים שיין
פון פאַרנאַכט
און אין שטילקייט פאַרהילט,
ביים שוואַרצען און גלאַנציגען פּיאַנאָ,
און שפּילט... — — — — — —
— — — — — —

זי זיצט אויף איר אָרט אומבאַוועגליך-געשמידט
פאַרטרונקען אין טרויריגע קלאַנגען פון ליד,
וואָס ציט
און וואָס וועבט אין פאַרצווייפלונג זיך אויס.
עס קלאַפּט יעדער טאָן
אָן די ווענט זיך דאָרט אָן
און פאַרשווינדט דורכ'ן פענסטער אַרויס...

און זי?
—אַ סטאַטוע! —דאָס זיצען אירס—גלייך,
געקליידעט אין שוואַרצען —דאָס פּנים אירס בלייך,
אַזש עס שלאָגט אין דער טונקעלקייט אָפּ זיך—ווי קרייד.
ס'דערציילט פון קיין לייד —
ס'דערציילט פון קיין פרייד, —

ס׳דערציילט נאָר פֿון דעם, וואָס פֿאַרבאָרגען ליגט ווייט...
די אויגען, די גרויסע און שוואַרצע — ווי נאַכט,
זיי בליקען בעטריבטע, פֿאַרטרוימט און פֿאַרטראַכט —
אָן אויסדרוק פֿון ווילען — פֿון ליידען פֿאַרשטאַרט,
נאָר טייל מאָל, ווען ס׳בייטען זיך קלאַנגען פֿון ליד,
און ווערען פֿון אונטער די הענט איהר צוגליט,
דאָ מילד,—
דאָ ווילד,
דאָ צאַרט—
דאָ האַרט,
דאַן ענדערט זיך עטוואָס ביי איהר דאָס געזיכט.
וואָס צינדט און פֿאַרלעשט זיך אזוי ווי א ליכט...
זי שפּילט...

און זי פֿילט נישט, ווי ס׳לויפֿען די פֿינגער,
די לענגליכע, צאַרטע, אַלץ לייכטער און גרינגער,
אויף די גלאַנציגע, הייסע קלאַווישען,
וואָס וועקען-אויף קלאַנגען, דאָ צאַרטע ווי קושען —
דאָ קלאַנגען, וואָס כעס׳ן און ברויזען מיט צאָרן,
זי פֿילט נישט, ווי ס׳טראָגען די פֿינגער זיך לאַנגזאַם
און ביסלעכווייז גיכער
און באַלד, — ווי א ווינטער,
און ס׳שוועבען די פֿינגער אַהין און אַהער,
און ס׳רייסען זיך קלאַנגען—
ווי ווילדע פֿערלאַנגען,
וואָס קומען — ווען ס׳האַרץ איז פֿאַרביטערט און שווער.

— — — — — — —

— — — — — —

זי מערקט נישט, ווי לאַנג ס'איז דער טאָג שוין צוועק
און עס שיינט אינ'ם צימער די לבנה אַריין,
בעגיסענדיג דאָרט מיט אַ זילבערנער שיין
דאָס אָרט, וואו זי זיצט ביי דער פּיאַנאָ אַליין
אַנטקעגען די נאָטען, וואָס בלייבען זיך צאָפּ...
אַראָפּגעלאָזט מיד אויף איר ברוסט ליגט איר קאָפּ,
די הענט אירע ליגען נאָך אַלץ אויף דער פּיאַנאָ,
ווי זיי וואָלטען געוועזען צום שפּילען געגרייט,
נאָר שטאַר ליגען זיי —אָן דעם מינדעסטען ריר,
—ווי זיי וואָלטען געוואָרען פאַרגליווערט ביי איר
אויפ'ן אָרט.
וואו זי איז אין דרימעל אין טיפען
פאַרזונקען ביים לעצטען אַקאָרד...

— — — — — — — —

ב. פרידמאַן.

# כ׳האָב ליב די נאַכט..

כ׳האָב ליב די נאַכט,
ווייל זי איז פיל מיט סודות און זי שווייגט, ווי איך,
ווייל זי פאַרטיפט מיין בענקשאַפט טיפער נאָך
און הערט זיך צו צו מיר...

כ׳האָב ליב די נאַכט, דאָס עפענט אויף
איר סודות-קוואַל פאַר דורשטיגע נשמות...
און לאָזט זיי שעפּן פריי און הערט נישט אויכגעשעפּט..

איך האָב זי ליב,
ווייל זי נעמט אויף דעם זיסען אומרו-ציטער
פון די קראַנק-פאַרבענקטע הערצער
און זי שענקט זיי זאַנפט איר סודות-שויס...

ווייל פון חיות ווערען
דורשטיגע נשמות
מיד אין איר...
און זי לאָזט נישט מער די מידע בליקען בלאָנזשען,
וויגט זיי איין —געזעטיגטע —אין גאָלדענע חלומות
און וואַכט — — — — — — —
— — — — — — — —
כ׳האָב ליב די נאַכט...

* *
*

עס האָבען דיינע בליקען מיך געטראָפען,
אויפ'ן פנים איז אַ ציטער מיר פאַרלאָפען,
און איך האָב דערפילט:
דו זעהסט מיך דורך און דורך!
איך האָב נישט אויסגעהאַלטען און דעם קאָפּ—אַראָפּגעלאָזען.

דיין בליק איז טיפער אַלץ אין מיר אַריינגעדרונגען,
עס האָט ביי מיר אין קערפער עפּעס אויפגעפלאַטערט
און אַ מידע זיסקייט האָט מיך איינגעמאַטערט.
מיר האָבען זיך בעגעגענט מיט די בליקען;
געקלאַמערט האָבען מיינע פינגער פיבעריש דיין האַנט,
דיין פנים האָט בעגאָסען לויטער אַמאַראַנט...

קחאַלען פרישע יונגשאַפט האָט אין אונז די שטילקייט איינגעגאָסען—
ס'האָט אַ חייסער דורשט אין אונז זיך ווילד צופלאָסען...
ביז — מיר האָבען זיך פאַרגעסען.

ס'האָבען דיינע ברוסטען-אַפּלען — מיידעל-קנאָספען—
אויף מיין בלויזער ברוסט
פאַרפלאַנצט אַ יוגענט-לוסט...

די הענט —זיי האָבען זיך אין לייב אַריינגעקלאַמערט,
די גופים פאַלגעוודיג ווי שלאַנגען זיך געראַנגעלט
און די ליפען האָבען זיך צונויפגעהאָפטצן...

אַ גרויסער סוד איז אויסגעוואַקסען אינ'ם שטילען חלל
און האָט יעדע רגע אונז אַלץ מער און מערער
אין די שפיצען-פעדים דיינע
איינגעפלאָכטען...



י. קירמאַן.

אין אַ קליין געבויגען הייזעל
האָט אַ מאַמע מיך געבוירען,
אין די הענט פון פרעמדע פענסטען
מיך פאַריתומ׳ט באַלד געלאָזען.

האָט די נויט מיך אויפגעצויגען
און געפירט מיך אויף די וועגען,
וואו אַ יתום קען נאָר דורכגיין,
און געלאָזט מיך באָרוועס, נאַקעט,
דורך די קאַלטע שנייען בלאָנזשען
ביז איך בין צו דיר געקומען,
דיר דאָס האַרץ מיינס אויסדערציילען.

זיי אַ מאַמע מיר מיין ליבסטע,
וועל איך דיר מיין האַרץ דערציילען...

פון מיין אָרעם בלוטיג שטעטעל
פלעג איך זיך אַמאָל פאַרבלאָנזשען
צו דעם אַלטען בית-הקברות,
וואו מיין מאַמע איז געלעגען.
צו אַן אַלט פאַרפוילטער ווערבע
האָט דער שטיין זיך צוגעטוליעט
און איך אָרעם קראַנקער יתום
האָב געטוליעט זיך צוביידען...

זיי אַ מאַמע מיר, מיין ליבסטע,
לאָמיך דיר מיין האַרץ דערציילען...

## י. קעניגשטיין.

***

א חינטער-נאַכט.
עס גליט די פראָסט.
פון הימעל גיסט זיך זילבער-שיין,
די ערד איז ווייס, ס'איז ווייס די וועלט
און אין הארץ מיר קלעמט א וויי:
כ'האָב זיך אינ'ם גראָז דערמאָנט,
וואָס איז טויט שוין לאַנג פון קעלט,
און אָן בלעטעל אויפ'ן בוים..



***

ס'איז נאַכט.
פאַרטראַכט
ליגט די וועלט,
איינגעהילט אין קעלט
און שטום...
אַרום
איז שטיל...
קיין שאָרך...
און ווייט
ליגט צושפּרייט
אין פינסטערניש דאָס פעלד,
וואָס געלט
פאַר צער,
און דער הימעל איז שוואַרץ,
ווי די נאַכט.
עס שרעקט...
ערגעץ וואו
פּוטש אַ ריר זיך אַ קוסט
און מיר דאַכט,
ווי עס וואָלט אין דער שטיל
זיך געראַנגעלט
אַ תאַוו — — — — —
— — — — — — — —



# ווינטער

שווייגט די נאַכט אין קאַלטען זילבער-גלאַנץ פון הימעל,
גליווערט אין דער שטייפער לופט אַ ריזען-סוד,
פעלזען-רוהיג שלאָפט אַ ברייטע וועלט אין ווייסען,—
ס'זעט אַצינד אין זיך אַ ווייסען חלום גאָט.

לאָקט אַ בלאַנקער שיין אין העלער טיפער ווייטקייט,
טרינקט זיך שטיל אין מאַטען בלאָען נעפעל ס'פעלד,
פלעקט זיך אין אַ ווינקעל גרויז דער וואַלד פאַרלמאָרעט
און צוגיסט זיך באַלד אין ווייס-פאַרשנייטער וועלט.

טוקט דער הימעל זיך אין בלענדענדיגער ווייטקייט,
ווערט דאָרט באַלד אין בלאַנקען גליווערניש צושוואומען
און עס בלייבט אין לופט אַ ווינטער-ליד דאַן הענגען
און עס זינגט אַ שירה ווייס אין קאַלטען שטומען.



מ. ריבאַליזען.

# געוויטער

עס יאָגט אַ ווינט אין איינגעהאַלטענעם און שדיש'סטילען פלאָזען,
און עס שיטען אין משונה'דיגען חילדען דרייען
מחנות גראָע דראַבנע שנייען
און בעגראָבען אויפ'ן פעלד די לעצטע גראָזען
אין אַן איינציגען פאַרשיטען, ווייסען ברודער-קבר.

הפּי, מענש נישט היי איצט מיט קיין אבר!

עס איז פון וואַלד, געצירט מיט מיליאָנען הייסע בליטען,
צאָרניג שני—דער מלך—ראָש אַרויסגעריסען,
געגורט אין אַ גיגאַנטישער גבורה
און מיט אַ בלענדענדיגער פונקען-צדרה
און מיט אַ רוח-שנעלען, אימפּעדיג געלויף—אָפּגעמעקט
גאַנץ אַרומעט אַלע פאַרבען,
הפּלכע זענען נאָכ'ן שטאַרבען
פון דעם מלך'ס מאַכען זילבער-מאַנטעל באַלד געהאָרען ווייס
פאַרדעקט.

זאָל איצט קיינער ניט בעוועגען מיט קיין גליד!
—עס זינגט אין שכּיזה'דיגען רויש אַצינד דער מלך זיין נצחון-ליד!

שטאַרקער, מיט אַ חילד געשיקטען סווישטשען, בלאָזט דער ווינט
שוין שעה'ן
און עס שיטען מחנות שנייען דורך אַ לופט-טומאַן אַ גראָען,
און עס ליגט שוין גאַנץ דערטרונקען, דאָרף און פעלד אין הייסען
זילבער-בליק.

—ערגעץ אויבען, אין בדידות-טרויער. בליקט נאָר שטום דער אַלטער
קירכען-שפּיץ.